# די לידער
# פון א. גאָלדפאַדענס
# „בר־כוכבא"





(אראנזשירט אין אן אראטאריע פון יעקב האָזבארן)

ארויסגעגעבן פונם

**פרייהייט-געזאַנגס-פאַריין, מאָנטרעאַל**

(סעקציע פונם אידישן מוזיקפאַרבאַנד, ניו־יאָרק).

ווינטער 1938-39.

Mollie Cramer
5503 St-Urbain
Cr. 6734

# עטלעכע ווערטער

---

דאָס דאַזיקע ביכעלע מיט די לידער פון א. גאָלדפאַדנס „בר־כוכבא" גיבן מיר ארויס, קודם־כל, ווי אַ האַנט־ביכל פאַר די מיטגלידער פון אונזער כאָר. מיר גיבן עס אָבער אויך אַרויס דערפאַר, כדי די לידער זאָלן גרינגער קענען אַריבערשפּרייזן די ראַמען פונם כאָר און כדי דער עולם, וואָס קומט צו אונזערע קאָנצערטן, זאָל זיי קענען מיטזינגען און נאָכזינגען. דאָס איז דאָך דער ציל פון אונזער כאָר און פון אונזערע קאָנצערטן: צו כאַוועון דאָס אידישע ליד און עס צו פאַרשפּרייטן צווישן די אידישע מאַסן.

צוליב פאַרשיידענע סיבות האָבן מיר די לידער פון גאָלד־פאַדנס „שולמית" (אַראַנזשירט אין אַן אָראַטאָריע פון אונזער דיריגענט יעקב ראַזמאַרין — פונקט ווי די איצטיקע אָראַטאָריע „בר־כוכבא") און פון דער פאָלקס אָפּערעטע „אַ בונט מיט אַ סטאַטשקע" (צענויפגעשטעלט פון נ. בוכוואַלד און ב. פענסטער און אַראַנזשירט פון יעקב שייפער) — נישט געקענט אַרויסגעבן אין אַזאַ פאָרעם ווי איצט די „בר־כוכבא"־לידער. אָבער נאָך אונזערע אַרויסטרעטונגען מיט דער „שולמית"־אָראַטאָריע און מיט דער „סטאַטשקע" האָבן מיר איינגעזען, אַז פאַר אַזאַ האַנט־ביכל איז דאָ די בארעכטיקונג, נאָך מער: די נויטווענדיגקייט. פון אָט־דער נויטווענדיגקייט וואַקסט, הייסט־עס, אַרויס דאָס איצטיקע ביכעלע.

ביי אָט־דעם קורס וועלן מיר זיך האַלטן אַף ווייטער אויך. „בר־כוכבא" איז נישט די לעצטע אָראַטאָריע, וואָס מיר וועלן זינגען. נאָך „בר־כוכבא" וועלן מיר זיך נעמען צו דער רייכער ירושה, וואָס ס'האָט אונז איבערגעלאָזט אונזער אומפאַרגעסלע־

כער יעקב שייפער — צו זיינע אָראַטאָריעס. אױף דערױף נױטיקן מיר זיך אין דער מאָראַלישער מיטהילף פונם בריטערן אידישן עולם. מיר נױטיקן זיך דעריין שױן איצט. די הילף דאַרף באַשטיין אין זינגען. קומט אַריין צו אונז אין כאָר. לאָמיר מיט דער הילף פונם אידישן פאָלקס־ליד, פונם אידישן ליד בכלל — זיך טרייסטן און זיך שטאַרקן אין דער היינטיקער שװערער צייט, װאָס הױערט אױף אונז אידן און אַרבעטער װי אַ פינצטערער קאָשמאַר.

העלפט אונז, זיך אַליין — מיט געזאַנג.

פריהייט־געזאַנגס־פאַריין, מאָנטרעאַל

מאיר סילװער, סעקרעטאַר

יעקב ראָזמאַרין, דיריגענט

1

אלעזר: (אין סנהדרין).
ווײנט און קלאָגט אַצינדער,
אַלע ציונס קינדער!
אַ ל ע:
געבראָכן איז אונזער הארץ,
גרויס איז אונזער שמאַרץ. (בּיס)
אַף אונזער בנבלנב ירושלים וואָס איז תל געוואָרן,
אַף אונזער גלאַנץ און אונזער כבוד, וואָס איז פארלאָרן.
אלעזער:
פון זײַן האַרץ האָט גאָט אָוועקגענומען זײַן האַנט,
און אַף אונז אַנגעשיקט דעם בייזן פײַנט.
דאָס בית־המקדש חרוב געמאַכט
און די כוהנים אומגעבראַכט.
אַ ל ע:
ער האָט גערויבט, געברענט, געבראָכן,
אוצרות, הייזער ביז אין גרונט
און אָן רחמנות האָט ער געשטאָכן
אונזער ווייב און קינד!
אלעזר מיט איינעם פון די סנהדרין:
אוי, אַזוי זאָגט גאָט אַצינד,
איך קען דיך ניט מער.
ביסט ניט מער מײַן קינד,
איבער דײַנע זינד, איבער דײַנע זינד.
אוי, ציונס ליכט צאַנקט אַצינד.
לעשט אייביק אויס.
שײַנען וועט דיר ניט מער, מײַן קינד,
איבער דײַנע זינד, איבער דײַנע זינד.
אַ ל ע:
טאַקע דעריבער,
בעטן מיר דיך איבער.
דײַן כעס זאָלסטו שוין שטילן.

~~מיר בעטן דיך פארצייען~~ ס'איז שוין באַגייט,
~~ווייל מיר באַרייען,~~ טאַקע שוין אומזיסט
אַלצדינג, וואָס מיר האָבן געטאָן נישט נאָך דיין ווילן,
נישט נאָך דיין ווילן.
זע, וואָס פון אונז איז אַצינד געוואָרן.
נעם צו שוין, ~~נאָט שטאַרקער~~, פון אונז דיין צאָרן.
~~הער אונז צו, נאָט, הער~~, פאַרלייט אונז, פאַרגיב
שטראָף אונז שוין נישט מער.

2

ב ר ־ כ ו כ ב א :
ווער עס טרעט צו צו מיר, מי לה' אלי!
זאָל אויפהויבן די הענט ביים נאָמען אדוני!
אַ ל ע :
דיינע רייד האָבן אונז אַלע באַלעבט אָן אַ שיעור.
אַלע ווי איין מענטש שטייען מיר צו צו דיר.
עס לעבט אונזער בר־כוכבא,
עס לעבט אונזע משיח.
און אונזער בית־המקדש זאָל אויפגעבויט ווערן גיך. (בים)
ב ר ־ כ ו כ ב א :
שווערט זשע מיר אַלע צו, שווער מיר!
אַ ל ע :
מיר שווערן ! מיר שווערן ! (בים).
ב ר ־ כ ו כ ב א :
שווערט איר מיר פון דעם האַרצן, שווערט מיר !
אַ ל ע :
מיר שווערן, מיר שווערן. (בים)
ב ר ־ כ ו כ ב א :
דאָ ביי דעם ספר תורה סגולה יחידה !
שווערט איר מיר אַלע בית יעקב ויהודה !
אַז יעדער פון אייך מיט לייב און זעלע אמת זיין געטריי,
ווי איין האַנט, ווי איין מענטש, זאָלט איר אייך
אויפהויבן פריי.

צו דער נייער מלחמה, קעגן דעם שונא,
אַ מלחמה, וואָס איז נאָך ניט געווען ביז איצט אַזוינע.
שווערט זשע מיר אַלע צו, שווערט מיר.

א ל ע :

מיר שווערן, מיר שווערן. (בים)

ב ר ־ כ ו כ ב א :

שווערט איר מיר פונם הארצן, שווערט מיר !

א ל ע :

מיר שווערן, מיר שווערן. (בים)

בר־כוכבא און באַר:

~~פאַר גאָט און פאַר~~ זיין פאָלק בין איך מכריז ומודיע,
אַז ווער עס וועט זיין פאַליש, פון אונז אַפּטיילן,
און וועט במסירה ~~אונזער~~ דעם סוד דערציילן.
איז איין געזעץ דער טויט,
געטויט אף דעם אָרט.
~~איצט, איצט פאַר דעם עדות, דער ספר־תורה, גיט זשע~~
~~מיר אַלע דאָס וואָרט~~ !
~~פאַר דעם עדות גיט זשע מיר אַלע דאָס וואָרט.~~
געדענקט זשע גוט.

א ל ע :

מיר געדענקען אַלע גוט.

ב ר ־ כ ו כ ב א :

איר האָט מיר צוגעשוואוירן.

א ל ע :

מיר שווערן אַלע גלייך.
מיר שווערן, מיר שווערן.

3

(ביי אלעזרן אין דער היים).

ד י נ ה :

וויינט זשע אַלע ציונס טעכטער,
קלאָגט זשע קינדער אַלע באַנאַנד,
אף דער נויט, דער צייט דער שלעכטער,

וואס האט געטראפן אונזער לאנד.
אראפגעפאלן איז אונזער שטערן,
אין דער ערד פארשמירט:
צעבראכן די קרוין פון אונזער שטערן,
וואס האט אונז אזוי געצירט.

פ ר ו י ע ן:

גאט, זע אונזערע טרערן,
אונזער נויט און פיין;
ווײנען וועלן מיר ניט אויפהערן
ביז די הילף וועט זיין.

ד י נ ה:

רייך ווי א מלכה מיט בריליאנטן
איז די הייליקע שטאט געוועזן;
ביי די שררות, גרעסטע פראנטן
האט זי כבוד געהאט, זייער פיל חן.
אזוי ווי די שטערן ארום דער לבנה,
האבן מיר זיך געשפיגלט אין איר
אוי, היינט הייסט זי די אלמנה,
און אירע יתומות זענען מיר.

פ ר ו י ע ן:

גאט, זע אונזערע טרערן א. א. וו.

ד י נ ה:

אזוי זיצט די אלמנה ירושלים,
אף דער ערד צווישן מיסט.
און איר איינציק קינד אפרים
טוליעט זי צו צו אירע בריסט.
פארטריבן האסטו, ווײנט זי, גאט ליבער,
מיין אידעלען און ישראל.
אוי, לאז מיר כאטש דעם קריש איבער,
ער זאל מיך געדענקען כאטש אמאל.

פ ר ו י ע ן:

גאט, זע אונזערע טרערן, א. א. וו.

4

אלעזר און דינה:
אוי, אַזוי זאָגט גאָט אַצינד, א. א. וו. (זע נומער 1).

5

(בר־כוכבא און דינה)

ב י י ד ע :
געקומען איז די צייט,
זי איז שוין ניט ווייט,
יאָ, גאָר ניט ווייט,
ע ר : דאָס לאַנד באַפרייען,
ז י : יאָ, יאָ, באַפרייען. (ביס)
ב י י ד ע : און דאָס בית־המקדש באַנייען,
ע ר : יאָ, יאָ, באַנייען.
ז י : דאָס לאַנד באַפרייען. (ביס)
ב י י ד ע : און אויפבויען אף ס'ניי.

ב ר ־ כ ו כ ב א :
אַך, דו ווייסט ניט, ווי מיר ליגט אין האַרץ
די לאַגע פון מיינע ברידער !
צוזען קען איך ניט זייער שמאַרץ —
ניט הערן זייערע קלאָג־לידער.
באַדריקט האָט זיי דער פיינט,
דאָך רעטן וועט זיי גיך מיין האַנט.

ב י י ד ע :
געקומען איז די צייט א. א. וו. (ביז „אף ס'ניי".)

ד י נ ה :
גאָט זאָל זיין מלאך שיקן,
אַז דו זאָלסט באַגליקן,
די שונאים אונטערדריקן,
פאַרניכטן זיי ביז אין גרונט.
צו דיר ווענדן זיך אונזערע בליקן
צו אונזער גאָט און צו דיר, אצונד! יאָ !

ב י י ד ע :

באַלד וועט שוין ציון הערן ווידער,
מונטערדיקע, פריילעכדיקע לידער:
ירושלים איז באַפרייט,
דאָס בית המקדש באַנייט.
נאָר מיט מוט,
קראַפט און בלוט
זיך באַשטרעבן,
אונזער גאַנץ
רום און גלאַנץ
אויפצוהויבן — יאָ, יאָ, אָמן.

איך זע שוין, ווי עס ווערט פריילעך,
אין ירושלים, וואָס איז באַפרייט,
און „עס לעבט דער מלך!"
הער איך שוין ווי מע שרייט.
און טראָגנדיק פיל מתנות
צום בית־המקדש קומען אידן גאָר אָן אַ צאָל,
צו מקריב זיין די קרבנות,
ווי עס פלעגט זיין אַמאָל.
און די לויים האַלטן די האַרפן און זינגען אַט־דעם שיר:
מיר גריסן דיך ירושלים,
מיט אַ בית־המיקדש אַ נייעם.
גאָט האָט זיך מרחם געווען אויף ציון,
און האָט איר אומגעקערט די קרוין! (בים)

איך זע שוין איצט, ווי פון ווייטן,
אויף יעדן זאַמדיקן באַרג און טאָל —
לאָזן זיך פון אַלע זייטן
באַקענטע אָן אַ צאָל:
דאָס זענען די געפאַנגענע ברידער !
אין גלות פאַרטריבן זענען זיי געווען,
זיי קערן קיין ציון ווידער

און די שטאָט אַז ווען זיי דערזעען —
באַלד גרייפן זיי די האַרפן און זינגען אַט־דעם שיר:
מיר גריסן דיך ירושלים א. אַז. וו.

6

פּאַפּוס: אַלצדינג איז בײַ מיר פאַרשטעלט
מיט דער שוואַרצער מאַסקע — דערפאַר
היים איך ביי דער וועלט
אַ קבצן און אַ נאַר.
כאַ־כאַ, איך לאַך מיך אויס ! (בים)

וואָס דאַרף מיר יענער וויסן, אַז איך בין אַ גביר?
איך מאַך מיך פאַר אַ נאַר, מ'זאָל זיך ניט היטן פאַר מיר.
וואו מע דאַרף האָב איך אויך כוח,
וואו מע דאַרף בין איך פרום אויך,
אין חניפה בין איך ערשט גאָר גרויס.

איך נאַר־אויס סודות ביי די קלוגע,
איך מאַך זיי אַלע דול, משוגע,
און טו דערנאָך אַ שפּיצל אָפּ, אַז ס'טוט זיי אַלע וויי,
און קוועל און לאַך פון זיי. (בים)
אוי, די נקמה
איז מיין נשמה,
מיין לעבן מיין נהמה. (בים)

און אַז מיך האָט מיט אַ מום
באַשאַפן די נאַטור,
און אַז איך בין בלינד און קרום —
צו וואָס טויג איך כ'לעבן גאָר ?
כאַ־כאַ, איך לאַך מיך אויס ! (בים)

אָבער וואָס דאָס איין־און־איינציק איינגעלע זעט ?
אָבער וואוהין דאָס איין־און־איינציק פיסעלע גייט ?

מײַן שפּרונג איז לופטיק,
מײַן קוק איז גיפטיק —
קײנער װײסט נישט בײַ מיר אַזױ גרױס.
איך שפּרינג־אױס אַף אַלע דעכער,
קוק מיר אױס שטיל אַלע לעכער,
און טו דערנאָך אַ שפּיצל אַפּ, אַז ס'טוט זײַ אַלע װײ
איך קװעל און לאַך פון זײַ! (בים)
אױ, די נקמה א. אַז. װ. (בים)

7

(אױפן באַרג מוריה).

כאָר: אַזױ װי דו ביסט דאָ דערהױבן,
מיר זאָלבן דיך אַף דעם אָרט –
אַזױ זאָל גאָט פון אױבן
דיך זאַלבן אין הימל דאָרט!
~~שבטים זינגט אױך:~~
~~שבטים אַלע בית־יהודה ברכו את השם~~
ירושלים אונזער ~~הײליקע~~ שטאָט,
אונזער גלאַנץ און אונזער שײן,
עפן דײַנע טױערן װײט,
לאָז דײַנע קינדער אַרײַן!
האָח! האָח! האָח! מיט פּױקן און מיט האַרפּע־קלאַנג!
האָח! האָח! האָח! מיט טענץ און מיט געזאַנג!

8

כאָר: שטאַרקער, שטאַרקער, זינגט זשע אַלע ברידער!
גיכער גיכער טרינקט זשע אױס און גיסט אָן װידער!
שטאַרקער, שטאַרקער, זינגט זשע אַלע ברידער!
גיכער, גיכער טרינקט זשע אױס דעם װײַן!
אײניקע: צו װעמען געהערט די גרעסטע מאַכט?
אַנדערע: צו די רױמער!
אײניקע: צו װעמען געהערט די גרעסטע פּראַכט?
אַנדערע: צו די רױמער!

איינִיקע: ווער קען טרינקען, טרינקען בעסער? — יאָ, די רוימער!
אַנדערע: ווער קען זינגען, זינגען בעסער? — יאָ, די רוימער!
אַלע: שטאַרקער, שטאַרקער א. א. וו.
רופוס: נאָך אמאָל דאָס זעלבע, נאָך אמאָל!
יאָ, יאָ, ווידערהאַלט עס אַן אַ צאָל !
אַלע: שטאַרקער, שטאַרקער א. אַז. וו.

9

(ביי רופוסן אין פּאַלאַץ)

אלעזר:

אוי, האָב רחמנות אף מיינע אַלטע יאָר,
נעם ניט אף דיר קיין זינד!
רויב ניט די קרוין פון מיינע גראָע האָר,
גיב מיר צוריק מיין קינד!

גיכער קען איך דיר מיין נשמה אַוועקגעבן,
נעם זי דיר באַלד דאַ צו;
אבי לאָז די יונגע נאָך לעבן
צו שטאַרבן איז איר נאָך צו פרי!

ד י נ ה :

איך בעט דיך, ווי יונג איך בין
איך בעט דיך זייער דאָס ניט טון !
וואָס האָבן מיר דען ביידע געזינדיקט פאַר דיר ?
וואָס האָסטו אומזיסט נעבעך צונ'אים און צו מיר,
פאַרוואָס זאָלסטו אומברענגען אַ פאָטער מיט אַ קינד ?
אוי, איז דאָס דען ניט אַ גרויסע זינד! —

רופוס: ניין, מיין קינד, דאָ וועט ניט העלפן קיין געוויין,
איך האָב איינמאָל געזאָגט, און אַזוי מוז געשען !
אלעזר מיט דינהן: זיי ניט אַזוי אין כעס אף אונז,
טראָג ניט אַזוי דיין האָס אף אונז. (ביס)
וואָס זענען מיר דען שולדיק אין דעם,
לאָז אונז אָפּ געשווינד, לאָז אונז אָפּ אהיים. (ביס)

באָר: גיי! דו, נעם זי! גיי דו צו, גיי!
קום מיט מיר, איך גיי פריער, זע!
באַפעל, דו הערשער, וואָס צו טון ?
זי צו שלעפן, זאָג וואָוהין ?

ד י נ ה :

ניין! ניין, ניין, ניין, איך לאָז ניט!
נעמט אייך פאַר אים מיין לעבן —
ניין! ניין, ניין, ניין, איך לאָז ניט!
מיין פאָטער מוזט איר מיר אָפּגעבן,
אָפּגעבן מוזט איר מיר אים שנעל !
געוואַלד, וואָס האָט איר צו אים! (בים)
טויט אונז בעסער געשווינד,
איידער צו שיידן אצינד —
ניין! ניין, ניין, ניין, איך לאָז ניט ! (4 מאָל)
נעמט אייך אונזער לעבן,
איר ווילדע וועלף און לייבן!
איך לאָז ניט, (4 מאָל) ניין.

10

פּאַפּוס: פּאַפּוס הייס איך!
אַלעס ווייס איך,
איבעראַל שטעק איך אריין די נאָז —
אַ יואווועלן-הענדלער,
אויך אַ טענדלער,
אַבי צו פאַרדינען דאָס ביסעלע מעות,
בריליאַנטן-שטיינער,
העלפאַנט-ביינער —
חד גדיא !
פּערל א שניר,
אַלץ ביי מיר —
חד גדיא !
איך דינג מיך ניט אַראָפּ, אַרויף —
חד גדיא !

און דער קונה האָט אַ שוואַרצן סוף;
חד גדיא !

דינה די שיינע,
מוז זיין מיינע,
עס וועט ניט העלפן אפילו קיין טאַטער —
ווער עס וועט ניט וועלן,
אים ניט געפעלן —
וועל איך אים הערן ווי דעם קאַטער.
מיט דעם איינעם אויג,
וואָס מיר טויג —
חד גדיא !
מיט דעם קרומען פוס,
צוקער־זיס —
חד גדיא !
קיינער וועט מיט מיר ניט קאָנקורירן —
חד גדיא !
און איך וועל דאָך מיינס אויספירן.
חד גדיא !

בר־כוכבא דעם העלד!
אף יענער וועלט
וועל איך באַזאָרגן מיט אַ שיינער דירה.
אלעזר דעם אַלטן
וועל איך באַהאַלטן —
איך וועל זיי מאַכן די פגירה.
אויך דעם צעזאַר,
וואָס איז אַ בייזער —
חד גדיא !
וועל איך אַ שטיקל אויפשפּילן;
ער וועט האָבן צו פילן —
חד גדיא !
דאַן וועל איך זיין אף פסח אַ מלך!

חד גדיא !
און איך וועל מיר זינגען גאַנץ פריילעך —
חד גדיא !

11

בר־כוכבא: מיר העלדן זענען דאָך ניט מרה־שחורהדיק,
צום קריג דער שופר נאָר רופט !
כאָר: הערט אַן עזות דאָרט !
בר־כוכבא: אָנגעשאַרפט זענען די שפּיזן גאָר מוראדיק,
געטונקט די פיילן אין גיפט! ...
כאָר: הערט נאָר אוים !
בר־כוכבא: מיר שטעכן, מיר ברעכן, מיר שניידן גאָר זיגעדייש,
מיר רייסן, מיר בייסן, מיר ווישן נאָר טיגערייש,
מיר נויטן, מיר קנייטן, מיר טויטן גאָר קריגערייש,
די שונאים, ד שונאים, אזוי;
זיי פאַלן, זיי פאַלן ווי שט רוי! —

כאַ, כאַ, כאַ, ס׳איז אַ נאַרישקייט —
כאָר: זעט ווי ער מאַכט זיך גרוים!
בר־כוכבא: כא, כא, כאַ, ס׳איז אַ נאַרישקייט —
כאָר: זעט ווי ער לאַכט זיך אוים !
בר־כוכבא: דער פיינט, ער איז געבויגן צו דער ערד,
אונז האָט נישט געשאַט,
ווייל די אמונה איז אונזער שווערד,
און אונזער מאַכט איז גאָט!
כאָר: פאַלן זאָל ער פון אונזער שווערד,
עה הערט נישט דיין געבאָט !

12

(ביי רופוס אין געפענגעניש)

ד י נ ה :
אַזוי לאַנג די זאַנג איז יינגער,
און דער קאָרן — מאָגער, גרינגער,

אזוי לאַנג די זאַנג איז יינגער
קוקט מען זיך ניט צו! —
אין פעלד קען זי פאַרבלייבן,
דאָס ראָד קען זי ניט צערייבן,
אין פעלד קען זי פאַרבלייבן,
לאָזט מען גאָר אים צורו.
ווערט נאָר דער קאָרן דיקער,
טוט זיך דאָס ראָד אַ קער !
ער ווערט צעריבן אַף שטיקער,
מע דערקענט אים שוין נישט מער !

שלאָף ניט דו אַרבעטער, האַלט פעסט דאָס שטילכל!
פלייסיק צו אַרבעטן איז דאָך אַ שפּילכל;
דריי זיך גוט, דריי זיך גוט, רעדעלע מילכל!
צערייב גוט דעם קאָרן — צעטיילן! —
נישטאָ שוין קיין זאַנגען — צעריבן איז דער קאָרן,
די ערשטע געשטאַלט האָט ער שוין לאַנג פאַרלאָרן!
אונטער דעם ראָד איז ער צעריבן געוואָרן,
ער איז שוין גאָר ווייס — און הייסט מעל! —

אַזוי לאַנג דער מענטש איז מאָגער,
לעבט סאָליד, איז ניט קיין יאָגער,
אַזוי לאַנג דער מענטש איז מאָגער,
לעבט ער זיך סיי־ווי;
די נויט קען אים גאָר ניט לייגן,
ווייל ער איז ווייך און לאָזט זיך בייגן:
די נויט קען אים גאָר ניט לייגן,
לאָזט זי אים גאָר צורו !
קוים ווערט ער איבער־גליקלעך,
טוט אים דאָס ראָד אַ קער !
זי צעברעכט אים גאָר אַף שטיקלעך
מע דערקענט אים שוין נישט מער !
שלאָף ניט, דו אַרבעטער א. אַז. וו.

אַזוי לאַנג דער איד האָט נישט געפלאַקערט,
ישאָף געפּאַסעט, ערד געאַקערט,
אַזוי לאַנג דער איד האָט נייִשט געפלאַקערט,
האָט מען אים געלאָזט צורו:
שטיל געלעבט, ניט הויך געפלויגן,
ניט אויפגעריסן יענעם די אויגן !
שטיל געלעבט, נישט הויך געפלויגן,
האָט מען ניט געזאָגט דערצו,
אַז ער איז געוואָרן איבער־גליקלעך,
האָט זיך די ראָד געטון אַ קער,
צעריבן איז ער אויף שטיקלעך!
מע דערקענט אים שוין נישט מער.
שלאָף ניט, דו אַרבעטער א. אַז. וו.

---

13

מיידלעך:
קוקט די לענטייקע,
וויל רוען דייקע,
אַבי ניט צו אַרבעטן וואָס מע האָט באַפּוילן;
זי האָט פאַרגעסן,
זי מיינט, זי איז פּרינצעסן!
מיר וועלן איר ווייזן, וואָס הייסט זיך פּוילן;
קומט אַלע שוועסטערלעך, גיך כאַפּט זי, יאָגט זי,
דערטאַפּט זי, שלאָגט זי,
נא! נא! נא!
ד י נ ה :
אוי, שלאָגט מיך ניט, ווייִ! פּלאָגט מיך ניט!
אַרבעט איך ניט פלייסיק פון נאַכט ביז פרי ?
נייט מיך ניט, טויט מיך ניט!
אוי, אַרבעטן וועל איך, נאָר לאָזט מיך צורו ! —
מיידלעך:
קוקט די לענטייקע א. אַז. וו.

ד י נ ה :

אוי, שלאָגט מיך ניט, ווייי! פּלאָגט מיך ניט!
האָט איר אויך דען ניט אין זיך אַ מענטשעלעך האַרץ?
צאַפּט מיר ניט אָפּ מיין בלוט,
אוי! אַ מער דערהרגעט מיך גאָר גיך און קורץ!

מיידלעך: קוקט די לענטייקע א. אז. וו.

14

ד י נ ה :

אַ פּאַסטעכל איז געווען אַמאָל
אין דעם לאַנד כנען.
מיט שאָף און רינדער גאָר אָן אַ צאָל
פלעגט זיין האַנדל זיין.
און אַז ער איז רייך געוואָרן,
האָט ער געהאַנדלט קאָרן,
און האָט זיין געלט פאַרלאָרן,
ס'איז אים געגאַנגען שלעכט;
אבי ניט ברויט צו בעטן,
פּלעגט ער ציגל קנייטן,
געמויערט הייזער און קלייטן,
געאַרבעט פאַר אַ קנעכט.

מיידלעך:

יאָ, אוי, ס'איז שיין,
יאָ, מלא חן,
דערציייל און הער ניט אויף.
אוי, ס'איז זיס!
יאָ, גאָרניט מיאוס,
דערציייל אונז ביז אין סוף.

ד י נ ה :

ר' משה גייט דורך אומגעריכט
און האָט אים באַלד דערקענט.
„יענקעלע, דאָס ביסטו? אַ קנעכט?"
ברעכט ער מיט די הענט.

האָבן אַזאַ טאַטן,
דער רייכסטער פון מאַגנאַטן,
און זיין אַזוי פון ווייטן,
זאָלסט גאָר קנעטן לײם ?
דיין טאַטנס לענדער פליסן,
פון מילך — האָניק זיסן,
און דו זאָלסט ניט געניסן ?
אָ, קום צונ׳אים אַהײם !
מיידלעך: יאָ, אוי, ס׳איז שיין א. אז. וו.
ד י נ ה :
א סימן, אַז דו מעגסט גלויבן מיר:
די 10 ווערטער לייען!
וואָס דיין טאַטע שרייבט צו דיר
מיט זיין האַנט אַליין! ...
די ווערטער זאָלסטו גלויבן,
אין הארצן זיי פאַרקלויבן,
כדי זאָלסט קענען לעבן
אין דער גרויסער וועלט.
און מיט א פייערדיקן וואָגן
איבער וויסטע ימים געיאָגן
האָט ער אים געבראַכט צו טראָגן
אין זיין טאַטנס געצעלט.
מיידלעך: יאָ, אוי, ס׳איז שיין א. אז. וו.
ד י נ ה :
אַז א פאַסטעכל א יאַלד
הויבט אָן צו גיין ניט שלעכט,
האָט ער זיך פאַרגעסן באַלד,
אַז ער איז געווען א קנעכט:
כוהנים קוילען לעמער,
ווייז גיסט זיך מיט עמער,
און לוויים מיט כלי־זמר
טאַנצן אַרום אים.
רייך איז מען — א מלך !

לעבן לעבט מען פריילעך !
האָט ער פאַרגעסן פאַמעלעך
זיין טאַטן אלוהים.
מיידלעך: יאָ, אוי, ס׳איז שיין א. אז. וו.
ד י נ ה :
אַט־דאָ האָט זיך זיין טאַטע שטאַרק צעהיצט,
פון כעס צעהאַקט די ווענט.
אים פון זיין שטאָט אַרויסגעשמיצט,
און זיין הויז פאַרברענט.
אים אַרויסגעטריבן,
פרעמדע זענען פאַרבליבן.
און האָט זיי פאַרגעשריבן
אים פאַרפאַלגן גאָר אַן צאָל.
דערפאַר זעט מען אים היינט יאָגן
צו זיין טאַטן וויינען און קלאָגן,
ער זאָל אים שוין מער ניט שלאָגן,
אים שענקען נאָך היינטיקס מאָל.
מיידלעך: יאָ, אוי, ס׳איז שיין א. אז. וו.

15

ד י נ ה :
דו זיסער מלאך פונם שלאָף,
וויג מיך מיט דיין לידעלע איין.
פאַרגעסן זאָל איך אַן דער שטראָף,
פאַרגעסן אין מיין נויט און פיין;
מיט דיינע פליגעלעך טרייב אַוועק
מיינע צרות און שרעק.

אדוני לי,
מיט מיר ביסטו;
שענק מיר דיין רו !
מיין נשמה נעם צו.
ביז אין דער פרי.

נאָר דיר טרוי איך זי.

דו גרויסער וועכטער דאָרט אין הימל,
דיין טריי אויג איז דאָך שטענדיק וואַך,
ווען איך שלאָף און ווען איך דרימל,
היט מיך מיט דיינע קינדער גלייך.
מיין נשמה איז דאָך פון דיר,
איבער נאַכט נעם זי ביי מיר!
אַדויני לי א. אַז. וו.

16

ד י נ ה :

פון דער תפיסה דאַ, פון די פינצטערע ווענט,
שיק איך בר־כוכבא מיין ברכה צו דיר !
מיר זאָלן ניט זיין דיינע טאַפּפערע הענט,
ביז דו ווערסט ניט זיגן, גיב דיר קיין רו.
איך הער שוין ווי ... יאָ, ווי דיין חייל זיגט,
און זע שוין ווי ,,, יאָ, ווי דער שונא ליגט.
ווער איז ער, ווער? יאָ, די רוימער
שטילער, שטילער ...
גאָטעניו, גאָטעניו, באַווייז דיין נס.

עס קען מעגלעך זיין, אַז ס'וועט דאָ זיין מיין סוף,
א־דאָס צימער דאָ וועט מיין קבר אויך זיין.
דאָך מיין זעלע וועט פליען אַרויף,
העט, העט הויך, גלייך אין הימל אַריין.
און הערן פון דאָרט, יאָ, ווי דיין חייל זיגט.
און זען פון דאָרט, יאָ, ווי דער שונא ליגט.
ווער איז ער, ווער? יאָ, די רוימער.
שטילער, שטילער...
גאָטעניו, גאָטעניו, באַווייז דיין נס.

17

(בר־כוכבאס הייל באַלאַגערט רופוסעס פעסטונג)

בר־כוכבא: מיר העלדן, מיר זענען נישט מרה־שחורהדיק,
צום קריג דער שופר נאָר רופט.
אָנגעשאַרפט זענען די שפּיזן גאָר מוראדיק,
געטונקט די פיילן אין גיפט.
כאָר: (דאָס אייגענע).
בר־כוכבא: מיר שטעכן, מיר ברעכן, מיר שניידן גאָר זיגערייש.
מיר רייסן, מיר בייסן מיר ו~~ויטן גאָר~~ טיגערייש.
מיר נייטן, מיר קנייטן, מיר טויטן גאָר קריגערייש,
די שונאים אַזוי,
זיי פאַלן ווי שטרוי.
כאָר: (דאָס אייגענע).
בר־כוכבא: פריילעך שפּאַנען דורך די טויערן,
די העלדן פון דעם קריג,
און דאָס פאָלק אויף די הויכע מויערן,
באַזינגען שוין דעם זיג.
כאָר: (דאָס אייגענע).
בר־כוכבא: דער פיינט, דער איז געבויגן צו דער ערד,
אונז האָט ניט געשאַט. דער גלויבן
ווייל ~~די אמונה~~ איז אונזער שווערד,
~~און אונזער מאַכט איז גאָט~~. און אונזער איינציקער משיח.
כאָר: (דאָס אייגענע).
בר־כוכבא: שיין !
כאָר: האח !

18

(דינה רעדט פון דער מויער צו בר־כוכבאס הייל).
דינה: הערט !
כאָר: יאָ, מיר הערן דיך !
זיי געגריסט און זיי געבענטשט,
דו שיינע טאָכטער פון די אידן !

זיי גאַנץ רואיק, האָב קיין מורא,
שרעק דיך ניט און זיי צופרידן.
ביי דעם שונא אין די הענט, האָב קיין מורא, שרעק דיך ניט.
מיר וועלן אונזער לעבן שטרעקן ביז אין לעצטן טראָפּן בלוט.
יאָ, יאָ, מיר וועלן אונזער לעבן
איצט שטרעקן פון דיינעט וועגן.

דינה: הערט נאָר, איידער איך וועל ריידן איצט אָנהויבן,
לאָ׳מיר איצט צו גאָט די הענט אויפהויבן !
זייט זשע אַלע גרייט.

כאָר: ~~יאָ~~ אַלע וועלן זיך אָנגרייטן.

דינה: צונ׳אַ געבעט.

כאָר: יאָ, אַלע וועלן בעטן !

דינה: הערט מיך צו.

כאָר: יאָ.

דינה: פאַלט אַף די קני.

כאָר: יאָ.

דינה: פאַר אונזער ~~גאָט~~. פאָלק.

כאָר: ~~גרויסער גאָט.~~ אונזער פאָלק.

דינה: גרויסער גאָט, גאָט פון דיין פאָלק ישראל.
צוליב דיין נאָמען שטיי אונז ביי.

כאָר: צוליב דיין נאָמען שטיי אונז ביי.

דינה: שיק אונז גיך.

כאָר: שיק אונז גיך.

דינה: דיין רעטונגס־ענגל, אוי! נאָך היינטיקס מאָל.
מיר זאָלן.

כאָר: מיר זאָלן.

דינה: זיגן איצט.

כאָר: זיגן איצט

דינה און כאָר: באַזיגן אונזער פיינט.

דינה: הער זשע איין,
מיין געבעט,
מקריב זיין
בין איך גרייט

כאָר: יאָ, מקריב זיין זיך אַלע,
זענען מיר זיך גרייט.
דינה: פֿאַר מיין גאָט, פֿאַר מיין פֿאָלק, פֿאַר מיין טייער
פֿאָטערלאַנד.

19

(דער שומר אױף דער מױער פֿון בר־כוכבאס פֿעסטונג ביתר).
שומר: גאָט דער גערעכטער
קוקט אויף פֿון דאָרט !
שלאָפֿט ניט איר װעכטער,
היט גוט דאָס אָרט !
כאָר: מיר הערן, מיר הערן,
מיר הערן גוט.
אַנטשלאָפֿן װערן
װעלן מיר ניט.
שומר: גבורים װי ריזן,
היטן אונזער לאַנד,
מיט די שאַרפֿע שפּיזן
שלאָפֿן זיי אין דער האַנט.
כאָר: מיר הערן א. אַז. װ.
שומר: דער שונא דער שלעכטער,
קוקט אויף פֿון דאָרט;
שלאָפֿט ניט איר װעכטער,
היט גוט דאָס אָרט !
כאָר: מיר הערן א. אַז. װ.

83

